# קאָנסטיטוציאָן

— דער —

# בעסאראביען

יאנג מענ'ס בענעוו. אונד עדיוק קלאַב




געגרינדעט דעם 28טען אויגוסט 1903.

ניו יאָרק.

---

רעווייזט..............1914.

---



שרייבער פרעסס, 437 גרענד סט., נ. י.

## קאָנסטיטושאַן קאָמיטע:

---

דאָרטאָר פליט, טשערמאַן.
לואיס ראטהמאַן, סעקרעטער.
איזידאָר לערנער.
נייטען דיאַמאָנט.
סיימאַן סאפיר
מאָררים שולמאַן
לואיס גודמאַן
בעני בלאזענשטיין
אַלטער שעכטער
סעם סעלטצער
טשארלי ראזענבלום,

# אינהאַלט־פערצייכניס:

---

## טאַגעס־ארדנונג:

---

1. פארלעזען די בעאמטען ליסטע.
2. פארלעזען דעם פראטאקאל פון לעצ־טער פערזאמלונג.
3. קראנקע אדער נויטלײדענדע ברידער.
4. קאָמיטע בעריכטען איבער די זעלבע.
5. קאָמיטע בעריכט פון פארגעשלאגענע קאנדידאטען.
6. באלאטירען נײע קאנדידאטען און דאָקטאר אטעסט.
7. אײנפיהרונג.
8. פארשלעגע איבער נײע קאנדידאטען.
9. קאָמיטע בעריכט.
10. רעכנונגען און צושריפטען.
11. ניט געענדיגטע געשעפטען.
12. אײנצאהלונג.
13. צום װאהל און בעסטען דעם קלאב.
14. אײננאהמע און אויסגאבע.
15. שליסונג דעם מיטינג.

## ארטיקעל 1.

### נאמען, צוועק און שפראכע.

§ 1. דיעזער קלאב זאל האבען דעם נאמען בעססאראביען יונג מענס בענע־וואלענט ענד עדיוקיישיאנאל קלאב.

§ 2. דער צוועק פון קלאב איז אונ־טערשטיצונג און בילדונג.

§ 3. אלע געשעפטען פון דיעזען קלאב זאלען אין זשארגאנישער שריפט און שפראכע געפיהרט ווערען, נאר פי־נאנס זאל אין ענגלישער שריפט געפיהרט ווערען. יעדענפאלס זאל זיין ערלויבט אויסצושפרעכען אין ענגליש מיט דער ער־לויבניס פון טשערמאן.

§ 4. דיעזער קלאב קען ניט אויפגע־לעזט ווערען זאלאנג זיעבען (7) גוטשטע־הענדע מיטגליעדער ווילען איהם אויפהאל־טען, נאר מיט דעם זעלבען נאמען.

§ 5. דיעזער נאמען בעססאראביען

יאָנג מענס בענעוואלענט ענד עדיוקיי־שיאָנאל קלאָב, קען ניעמאלס אומגעענ־דערט ווערען, און עס זאל ניט ערלויבט ווערען קיין פארשלאג דאריבער פארצו־נעהמען ניעמאלס.

## ארטיקעל 2.

## פערזאמלונגען.

§ 1. די רעגעלמעסיגע פערזאמלונגען פון דיעזען קלאב זאלען אבגעהאלטען ווע־רען דעם ערשטען און דעם דריטען און דעם פינפטען מאנטאג אין מאנאט, נאר דיעזעס קען געענדערט ווערען נאך דעם בעשלוס פון קלאב.

§ 2. די לעצטע פערזאמלונגען פון די מאנאטטען יאנואר, אפריל, דזשולייי און אָקטאָבער זאלען אלס גענעראל פערזאמ־לונגען בעטראכט ווערען, צו וועלכע אלע מיטגליעדער זאלען פון פינאנס סעקרע־טער דורך נאטיצען אויפגעפאדערט ווע־רען די שולדען צו בעצאהלען.

§ 3. ספעציעל פערזאמלונגען קענען איינבערופען ווערען ערשטענס, לויט בע־שלוס פון קלאב, צווייטענס, ווען צעהן

(10) גוטשטעהענדע מיטגליעדער פאדע־
רען אויף דעם טשערמאן שריפטליך.

§ 4. ביי אזעלכע ספעציעלע פערזאמ־
לונגען זאלען נאר אזעלכע געשעפטען
פערהאנדעלט ווערען פאר דעם, וואס די
פערזאמלונג איז בערופען געוואָרען.

§ 5. 12 מיטגליעדער, אויסער דעם
טשערמאן, וויים טשערמאן און סעקרע־
טער, ביי איין רעגעלען מיטינג, בילדען
איין קווארום און זיינען בערעכטיגט אלע
געשעפטען צו פערהאנדלען און ביי געלד
זאכען צו שטיצען האָבען זיי א רעכט ביז
10 דאָלאר אויסגאבען צו מאכען. עקסטרא
געזעצליכע געלדער. 20 מיטגליעדער, אוי־
סער דעם טשערמאן, וויים־טשערמאן און
סעקרעטער ביי איין ספעציאל אדער גענע־
ראל פערזאמלונג בילדען איין קווארום און
זיינען בערעכטיגט אלע געשעפטען צו
פערהאנדלען און האבען א רעכט ביז 15
דאָלאר אויסגאבען צו מאכען עקסטרא גע־
זעצליכע געלדען. און ווען מעהרערע אויס־
גאבען אדער שטיצען מוזען זאָל איין ספע־
ציאל מיטינג פעררופען ווערען און צוויי

דריטעל פון די אנוועזענדע מוזען צושטי־
מען דערצו.

§ 6. די פערזאמלונגען זאלען פון טשערמאן ניט בעפאר 8:30 אוהר ער־עפענט ווערען. אין אבוועזענהייט פון טשערמאן זאל דער וויים־טשערמאן פאר־נעמען זיין פלאץ. ביים וויים טשערמאן אבוועזענהייט זאל זיין נאמינייישאן פיר א טשערמאן פיר דיעזען אבענד.

## ארטיקעל 3.

### נאמינייישאן און וואהל פיר בעאמטע.

§ 1. נאָמינייישאן און וואהל פיר בע־אמטע זאל אין צוויי פערזאמלונגען פאר דעם וואהל שטאטפינדען.

§ 2. די וואהל פיר בעאמטע זאל 2 מאָהל יעהרליך אין די גענעראל פערזאמ־לונגען פון די מאָנאטען דזשענוערי און דזשולייי שטאַטפינדען.

§ 3. עס קענען פיר יעדען אמט איי־נער אדער מעהר קאנדידאטען נאמינירט ווערען, זיי מוזען אבער ביי דער פערזאמ־לונג אנוועזענד זיין.

§ 4. ווען איין נאמינירטער קאנדידאט

איז אבוועזענד ביי דער וואהל, קען ער ניט ערוועהלט ווערען ווען זאגאר ער שיקט אריין שריפטליך אז ער וועט דעם אמט אננעהמען.

§ 5. פאלגענדע בעאמטע איז צו ער־וועהלען: טשערמאן, וויים־טשערמאן, פראָטאָקאל און פינאנס סעקרעטער, קאָנ־טראָלער, טראסטיעס און אינערע וואכע, האָספּיטעלער.

§ 6. די וואהל זאָל זיין דורך באלאטס. פאר בעגינען די וואהל האָט דער טשער־מאן צו ערוועהלען איין קאנדידאט, און דער וויים־טשערמאן איינעם, און אלע ברידער איינעם, און דיעזע 3 ברידער זא־לען אפּנעהמען די באלאטס פון די ברי־דער און דייטליך פארלעזען און איבער־צעהלען און איבערגעבען דעם רעזולטאט צום סעקרעטער.

§ 7. איינע איינפאכע מאיאָריטעט פון איין שטימע מעהר איז גענוג צו ענט־שיידען די וואהל. ביי שטימענגלייכהייט זאָל אויף דאָס ניי געוועהלט ווערען.

§ 8. ווען איין מיטגליעד שטעהט אונ־טער איין קלאגע בעפאר די נאמינייישאן,

קען ער ניט נאָמינירט ווערען, און נאך נאָמינייישאן זאל דער בעאמטער ניט אינ־סטאָלירט ווערען ביז עס וועט ניט ענט־שיידען ווערען.

§ 9. איין מיטגליעד וועלכער איז צו איין אמט ערוועהלט, און איז ביז 3 פער־זאמלונגען צו אינסטאלירונג ניט געקומען, אהן איין וויכטיגע אורזאכע צו האבען, זאָל ער זיין אמט פערלירען.

§ 10. איין אין וואהל אבענד איינגע־פיהרטעס מיטגליעד קען ניט שטימען.

§ 11. זא באלד די באלאט באקס איז געשלאָסען, קען קיינער מעהר ניט שטי־מען.

§ 12. יעדער מיטגליעד מוז אליין זיין באלאט אפּגעבען, און עס איז ניט ער־לויבט זיין באלאט דורך איין אנדערען אדער פּער מייל אריינצושיקען.

§ 13. די אינסטאלירונג פון בעאמטע זאל אין דער נעקסטער פערזאמלונג נאך דער וואהל שטאַטפינדען, און עס זאל אויסערוועהלט ווערען איין גראס בעאמ־טער פון די ברידער, וועלכער האָט איבער־צוגעבען די נייע ערוועהלטע בעאמטע

זייערע עמטער. זיי מוזען אבער גוטשטע־
הענדע מיטגליעדער זיין.

§ 14. אלס טשערמאן קען נאר אזא מיטגליעד ערוועהלט ווערען, וועלכער האָט בעפאר איין פאלען טערמין איין אמט גע־ האט, אלס וויים־טשערמאן און ערשטער טראסטי נאר אזעלכע וואס זיינען 6 מאָ־ נאטען אין קלאב. אלע איבעריגע בעאמטע קענען ניט ערוועהלט ווערען ווען זיי זיינען ניט 3 מאנאט אין קלאב אלס מיטגליעדער.

§ 15. ווען איין בעאמטער שטארבט זאָל דער טשערמאן איין נייעם בעאמטען ערוועהלען ביז די נעקסטע וואהל. ווען דער טשערמאן שטארבט זאל דער וויים־ טשערמאן ענדיגען דעם טערמין.

ארטיקעל 4.

פפליכטען פון בעאמטע.

§ 1. דער טשערמאן האט דעם פאר־ זיץ אין פערזאמלונגען צו פיהרען, און דארף זעהן, דאס די געזעטצע און רעגעלען פון קלאב זאלען בעפאלגט ווערען, דאס די בעאמטע זאלען איהרע פפליכטען ער־ פילען, און אין זייער אבוועזענהייט איהרע

שטעלען צו בעזעצען. ער דארף די מאיאָ־
ריטעט פון קאָמיטעטען ערוועהלען, און אלע
געזעצליכע שטראפען דורכצופיהרען. ער
האָט אלע פון קלאב בעשלאסענע געלדער
אנווייזונגען צו סיינען, אלע אבשטימונגען
זאָל ער לאזען צעהלען דורך א ברודער
געגען וועלכען עס וועט ניט זיין קיינע אב־
דזשעקשאָנס, וואהלען און באלאטס צו
איבערוואכען, און דעם רעזולטאט דעם
קלאָב מיטצוטהיילען. ער זאל אין קיין
דעבאטע אנטהייל נעהמען, אויסער אין
געזעץ ערקלעהרונגען, נור ווען די רעדנער
ליסטע איז צו ענדע זאל ער מעגען רע־
דען צו דער דעבאטע. ער זאל אויך ביי
אבשטימונגען נור די ענשיידענע שטימע
אבגעבען. ער זאל דאס אייגענטהום פון
קלאָב זא ווי טשארטער, באנק ביכעל א.
ד. גל. ביי זיך האלטען און מיט זיך צו
דער פערזאמלונג מיטברענגען, און ביי
ענדע פון זיין אמטס־טערמין צו זיין נאכ־
פאָלגער אין בעסטען ארדנונג איבערגע־
בען. איבערהויפּט זאל ער אלע פפליכטען
וואָס געהערען צו זיין אמט ריכטיג ער־

פילען. ווען ער האָט געגען איין ברודער
אַ קלאגע אדער מען גיט אריין א קלאגע
געגען איהם און די קלאגע איז אנגענומען,
זאָ דארף ער דעם שטוהל פארלאזען.

§ 2. דער וויים טשערמאן זאָל דעם טשערמאן אין אלע קלאבס אנגעלעגענהייטען בעהילפיג זיין און אין טשערמאנ׳ס אבוועזענהייט דעם פארזיץ פיהרען. ער זאָל די מינאריטעט פון קאָמיטעען ערוועהלען, ער איז פארזיצענדער פון פינאנס קאָמיטעען און דארף זעהן דאס די פינאנס אנגעלעגענהייטען זאלען זיין אין בעסטער אָרדנונג, און דער קלאב זיעגעל זאל זיין ביי איהם און אויספאלגען דעם זיעגעל ווען נויטיג איז.

§ 3. דער פּראטאקאל סעקרעטער זאָל איין גענויעס און ריכטיגעס פּראטאקאל פיהרען איבער אלע פערהאנדלונגען פון קלאָב, און ביי נעכסטער פערזאמלונג פארלעזען, ווי אויך ביי דעם פינאנס סעקרעטער צו נעהמען איינגאהמע און אויסגאבע פון יעדער פערזאמלונג. ער זאל די

מיטגליעדער לאזען וויסען פון גענעראל און ספעציאל פערזאמלונג און מוז קומען ניט שפעטער פון 8 אוהר צו דער פער־זאמלונג.

§ 4. דער פינאנס און פראטאקאל סעקרעטער מוזען קענען לייענען און שרייבען אידיש און ענגליש און זאלען עקזא־מענירט ווערען בעפאר זיי נעהמען אן דעם אמט ביי א קאמיטע פון דריי, וואס דער טשערמאן וועט אפוינטען.

דער האספיטעלער דארף קראנקען קא־מיטעס נאך דעם איי בי סי אויסשיקען און דארף איין מאל א וואך דעם קראנקען בעזוכען.

§ 5. דער פינאנס סעקרעטער זאל איי־נע ריכטיגע רעכנונג צווישען דעם קלאב און זיינע מיטגליעדער פיהרען. ער האט אלע שריפטליכע מיטהיילונגען פארצולע־זען, אלע צוגעקומענע געלדער אין דער קלאב'ס קאסע צו עמפפאנגען אין דער גע־שעפטס־באנק צו דעפאנירען. און אלע געלדער מיט טשעקס אויסצאהלען. ער

האָט דעם פּראָטאָקאָל סעקרעטער די איינ־
נאהמען און אויסגאבען איבערצוגעבען.
ער האָט איין פיערטעל־יעהרליכען בעריכט
אויסצופערטיגען און דער פינאנס־קאָמי־
טע פארצולעגען, וועלכע דארף עס אונ־
טערצייכנען. ער זאָל ביי איין שטערבען־
פאל אלע מיטגליעדער לאָזען וויסען. ער
זאָל קיינע געלדער פון געשטריכענע מיט־
גליעדער אויסער דער פערזאמלונג נעה־
מען, מיט אויסנאהמע ווען ער ווערט
דערצו פון קלאָב אויפגעפאָדערט. ער זאָל
אלע שטראפען און טעקסעס פון מיטגליע־
דער צו זייערע רעכנונגען צושטעלען, און
אין דער נאָטיס בעמערקען. זיינע ביכער
און זאָנסטיגעס אייגענטהום פון קלאָב זיי׳
נאָכפאָלגער אין גוטער אָרדנונג איבערגע־
בען. ווען ער פערנאַכלעסיגט זיין אמט,
אָדער טהוט עטוואָס אונרעכט, זאָל ער
בעשטראפט ווערען אדער זיין אמט פער־
ליערען. און מוז אונטער א באָנד שטעהען.

§ 6. די טראָסטיעס. עס מוז זיין 3
טראָסטיעס, און דיעזע מוזען זיין אונ־
טערשריעבען אין דער באנק, אָהן זייערע
אונטערשריפטען זאָל מען קיין געלד ניט

קענען ארויסנעהמען. די טראָסטיעס מו־
זען קענען שרייבען. זיי זאָלען דאָס פער־
מעגען פון דעם קלאָב אונטער זייער אויפ־
זיכט האלטען און געבען זייערע אונטער־
שריפטען ווען עס איז בעשלאָסען פון
קלאָב געלד צו ציהען פון דער באנק. אָהן
זייערע אונטערשריפטען זאָלען קיינע
געלדער אויס דער באנק געצויגען ווערען.

§ 7. דער קאָנטראָלער מוז קומען יע־
דען מיטינג אום צו פערשרייבען ביי זיך
אַלע איינגאהמען און אויסגאבען און צו
זעהן, אַז די ביכער זאָלען אין ארדנונג גע־
פיהרט ווערען, און דעם פינאַנס־בעריכט
אונטערשרייבען.

§ 8. די אינערע וואכע האָט פון יע־
דען אריינקומענדען דאָס פאסיר־וואָרט
צו נעהמען און ניעמאַנדען צו געבען איינ־
לאַס אָהן פאסיר־וואָרט, אויסנאַהמע מיט
דער ערלויבנים פון דעם טשערמאַן, און
ווערענד דעם פארלעזען דעם פראָטאָ־
קאָל אָדער ביים איינפיהרען קאנדידאַטען
ניט צו געבען קיינעם איינלאַס און ניט
אויסלאַס.

§ 9. דאָס לייכען קאָמיטע בעשטעהט

אוים דעם טשערמאַן, וויים־טשערמאַן, פּראָטאָקאָל און פינאַנס־סעקרעטער און האָספּיטעלער. זיי האָבען צו זעהן דאָס ביי איין שטערבען פאַל פון אַ ברודער מו־זען אונבעדינגט אַלע ברידער נאָך דער לויה נאָכגעהן. עס זאָל געגעבען ווערען צייט דעם פינאַנס סעקרעטער צו לאָזען וויסען אַלע ברידער. זיי מוזען די לייכע פון אַ ברודער ביז דער סעמעטערי בע־גלייטען און דאָרט ווארטען ביז נאָך דער בעערדיגונג. זיי האָבען אָבער דאָס רעכט זיך דורך אַן אַנדערען ברודער פערטרע־טען לאסען.

## ארטיקעל 5.

### אויפנאהמע בעדינגונגען.

§ 1. יעדע פּערזאָן וואָס וויל אין דיע־זען קלאָב זיך איינשליסען מוז האָבען ער־רייכט דאָס 18טע לעבעס־יאָהר, און גוטען מאָראַלישען כאַראַקטער בעזיצען און זאָל זיין קערפּערליך און גייסטיג פאָלקאָם גע־זונד, און זאָל 6 מאָנאַטען אין לאַנד זיין.

§ 2. ווען אַ ברודער שלאָגט פאר איין קאַנדידאַט און אַ צווייטער האָט איין אָב־

רזשעקשאן געגען דעם קאנדידאט, זאָל ער מוזען ערקלערען דעם אבדזשעקשאן, און ווען צעהן ברידער אָנערקענען דעם אב־רזשעקשאן פאר ריכטיג, זאָל דער קאנדי־דאט ניט קענען אריינקומען. דיעזער אב־רזשעקשאן מוז נאָר זיין ווען דער קאנדי־דאט איז אַ גנב, אַ מערדער, אַ שווינדלער קראנקער אָדער דעסגלייכען און דורך אי־בערצייגונג.

§ 3. ווען א געשטראכענער ברודער וויל צוריק אריינקומען, דארף ער בעצאָה־לען 5 דאָלאר מיט אַ דאָקטאר אַטעסט, און פאר איין אלטען ברודער גערעכענט ווערען. ווען עס איז קיינע אבדזשעקשאָנס דאָ געגען איהם. דיעזער פונקט איז אָבער נאָר פיר זאלכע מיטגליעדער, וועלכע ווע־רען ארענטליך און בראוו, מיט גוטע אויפ־פיהרונגען אין קלאָב, ווען ניט האָבען זיי קיין רעכט צו פאָדערען צוריקצוקומען אין קלאָב.

§ 4. דאָס פארשלאָגען פון אַ קאנדי־דאט קען נור ביי דער פערזאמלונג דורך אַ מיטגליעד פון קלאָב געשעהען. עס מוז אָנגעגעבען ווערען דער נאָמען, וויפיעל

אַלט, וואוינונג און בעשעפטיגונג. מוז זיין אונפּערהייראטעט, און דארף צאָה־לען צוויי דאָלאר פארשלאגס־געלד. דיזעס קען געענדערט ווערען נאָך דעם בעשלוס פון קלאָב.

§ 5. ווען אזא פארשלעגער איז אָנ־גענומען, זאָל א קאָמיטע פון 3 מיטגליע־דער ערוועהלט ווערען, וועלכע האָבען דעם קאַנדידאַט צו בעזוכען, נאָך זיין כאַ־ראקטער און פערהעלטניסע זיך צו ערקינ־דיגען און איין מעמבערשיפּ אַפּליקיישאָן צו לאָזען אונטערשרייבען פון קאַנדידאַט און ביי דער נעכסטער מיטינג דעם בע־ריכט אָבגעבען, און דיעזער קאַנדידאַט זאָל צום באַלאָט גענומען ווערען צו וועל־כער די קאָמיטע איז פערפּפליכטעט צו־ערשט. ווייסע קוגלען בעדייטען די אויפ־נאהמע, שווארצע — די אָבווייזונג. 3 שווארצע קוגלען ווייזען צוריק דעם קאַנ־דידאַט פאר א יאָהר, און 2 שווארצע קוג־לען ווייזען צוריק אויף 6 מאָנאַט. ווען דער זעלבער וויל נאָך 6 מאָנאַט ווידער זיך פארשלאָגען און עס פאַלען ווידער צוויי שווארצע קוגלען, זאָ איז ער פיר אי־

מער צוריקגעוויזען. איין שווארצע קוגעל ווערט פיר נולל בעטראכט.

§ 6. פערזאמט איין קאנדידאט 4 פערזאמלונגען נאך דער באלאט זיך צו לאזען איינפיהרען אהנע וויכטיגע אורזאכע צו האבען זא זאל זיין פארשלאגס־געלד אין קלאב בלייבען.

§ 7. איז אבער דער קאנדידאט דורך אונגינסטיגען בעריכט אדער באלאט אדער דאקטאר אטעסט צוריקגעוויזען, זאל ער זיין פארשלאגס־געלד צוריק בעקומען.

## ארטיקעל 6.

### איינטריטס־געלד און בייטרעגע.

§ 1. דאס איינטריטס־געלד פאר קאנ־דידאטען איז צוויי דאלאר. דיעזעס קען אין איין גענעראל אדער דערצו בערופע־נע ספעציאל פערזאמלונגען ערהעכערט אדער פארקלענערט ווערען.

§ 2. די רעגעלע בייטרעגע זיינען צוויי דאלאר איין קווארטאל. און יעדער מיט־גליעד קען זיין בייטרעגע טהיילווייז ביי יעדער פערזאמלונג צאהלען, אדער אין

איינמאָל נאָך דעם קוואַרטעל און גענעראַל פערזאַמלונג בעצאָהלען.

§ 3. יעדער מיטגליעד נאָך פערלויף פון די ערשטע 6 מאָנאַטען פון זיין איינ־פיהרונג מוז צום דאָקטאָר פון קלאָב בע־לאַנגען.

§ 4. ווען אַ מיטגליעד וועט זיינע בייטרעגע און טעקסעס אָדער שטראַף־געלד ביי דער מיטינג נאָך דעם גענעראַל פערזאַמלונג ניט בעצאָהלען אַלעס, זאָל דער פינאַנס סעקרעטער איהם איין רעד־זשיסטרירטען בריעף שיקען מיט דער סו־מע אויסגעשריעבען, וויפיעל עס קומט פון איהם און בעמערקען, אין פאַלס ער וועט צו דיעזער מיטינג זיינע שולדען ניט בע־צאָהלען, אַזוי ווערט ער געשטראַכען, און ווען ער קומט ניט בעצאָהלען אַלע שולדען צו דיעזען מיטינג, דאָס הייסט צוויי מי־טינגען נאָך דעם גענעראַל פערזאַמלונג, זאָל ער געשטראַכען ווערען אָהן אויס־נאַהמע און פאַר וויפיעל געלד, אַלעס מוז אין שטרייך אַבענד בעצאָהלט ווערען.

§ 5. אַזאַ געשטראַכענער מיטגליעד קען ביז צוויי מיטינגען נאָך שטרייך־

אבענד זיינע שולדען איינצאָהלען און זאָל אָהן דעבאַטען אויפגענומען ווערען. ער איז אָבער אין דיעזער צייט ביז ער בע־צאָהלט ניט, צו קיין בענעפיט ניט בערעכ־טיגט, בלויז צו בעערדיגונגס פלאַץ. בע־צאָהלט ער אָבער ניט ביי דער צווייטער פערזאַמלונג נאָך דעם שטרייך־אבענד זאָ קען ער נאָר ווען ער וויל איינצאָהלען 5 דאָלאר און א דאָקטאָר אַטעסט בריינגען אַלעס איין אַלטער מיטגליעד בעטראכט ווערען.

## ארטיקעל 7.

### רעכטע פון מיטגליעדער.

§ 1. ווען די קאַסע פון קלאָב האָט ער־רייכט איין סומע פון 600 דאָלאר, ער־האַלטען מיטגליעדער קראַנקען בענעפיט לויט ווייטערע פונקטען.

§ 2. יעדער מיטגליעד, וועלכער מעהר פון זעקס מאָנאַט אין דיעזען קלאָב בע־לאַנגט, גוט אין בוך און איז קראנק געוואָ־רען, זאָ דאָס ער איז ניט אומשטאַנדע זיין ארבייט אָדער ביזנעס צו אַטענדען, איז בערעכטיגט צו איין בענעפיט 13

וואָכען צו 7 דאָלאר יעדעס יאָהר די 7 דאָלאר זאלען אויסגעצאהלט ווערען ווי פאָלגט: 5 דאָלאר פון דער קאסע און די צוויי דאָלאר זאלען צוטהיילט ווערען צווישען אלע מעמבערס און עס זאל צוגע־שטעלט ווערען צו די דיוס ענדע קוואר־טאל.

ווען איין ברודער איז קראנק אויף איין כראָנישע קראנקהייט וואָס דער קלאָב דאָקטאָר אַנערקענט עס אַלס כראָנישע, זאָ ערהאַלט ער נאָר דאָס ערשטע יאָהר 13 וואָכען צו זיעבען דאָלאר, און נאָכדעם נאָך דעם בעשלוס פון קלאָב.

§ 3. ווען אַ מיטגליעד האָט אַ קראַק־הייט וואָס ער דארף ניט ליגען צו בעט, צ. ב. ש., אַ האַנד אָדער אַ פוס קראנק־הייט, וואָס דאדורך קען ער ניט זיין אר־בייט אָדער ביזנעס אַטענדען, זאָל ער בע־קומען בענעפיט ווי יעדער קראנקער ברו־דער.

§ 4. יעדער מיטגליעד, וועלכער מעל־דעט זיך קראנק און וויל האָבען קראַנקען בענעפיט, מוז ער צו הויז זיצען. ווען אַ קאָמיטע אָדער אַ ברודער טרעפט איהם

ניט צו הויזע אָדער אין סטריט ארומגעהן, דיעזער זאָל קיינע בענעפיט ניט ערהאַל־טען און ניט קענען פאָדערן, אויסנאהמע, אזעלכע וועלכע דער דאָקטאָר הייסט געהן אויף דער לופט, זאָלכע קענען בעקומען בענעפיט ווען זיי מאַכען קיינע ביזנעס אין דיעזער צייט.

§ 5 קראנקען בענעפיט זאָל אויסגעצאָהלט ווערען פון טאָג וואָס דער קראנקער מעלדעט זיך צום האָספיטעלער.

§ 6. ווען א מיטגליעד, וועלכער האָט בעקומען קראנקען בענעפיט און עס איז נאכהער אויסגעפונען געוואָרען אז ער האָט אין דיעזער צייט וואָס ער וואר קראנק, געארבייט אָדער ביזנעס געמאַכט זאָל ער מוזען זיין קראנקען בענעפיט צוריק געבען און ווען ניט זאָל דאָס איהם צוגעשטעלט ווערען צו די בייטרעגע און ער קען גע־שטראכען ווערען דאפיר.

§ 7. קראנקען בענעפיט קען מען נאָר פאדערן ווען דער דאָקטאָר אטעסט פון קלאָב'ס דאָקטאָר מיט א צווייטען דאָק־טאָר ערקענט זיין קראנקהייט און די קאָ־מיטע וואָס האָט דעם קראנקען בעזוכט

בעשטעטיגען, אַז ער איז קראַנק געווען. זאָל אָבער איינער פון דיעזע צוויי דאָס הייסט אָדער דער דאָקטאָר אַטעסט אָדער די קאָמיטע ניט בעשטעטיגען דאָס ער איז קראַנק געווען, קען ער קיין בענעפיט ניט ערהאַלטען, ווי אויך ניט קענען פאָדערען.

§ 8. ווען אַ מיטגליעד איז קראַנק און האָט קיינע צוטרויען צום קלאָב׳ס דאָקטאָר, זאָלען די קאָמיטע וואָס ווערען געשיקט צום קראַנקען ברודער בעזוכען שיקען אַ צווייטען דאָקטאָר אויף זיינע קאָסטען און יענער זאָל בעשטעטיגען דעם דאָקטאָרס אַטעסט.

§9. די קראַנקהייט ווירד גערעכענט פון טאָג וואָס ווירד געמעלדעט צום האָספּיטעלער, ווען איין מיטגליעד איז איין וואָך פון 7 טעג קראַנק ערהאַלט ער זיעבען דאָלאַר בענעפיט, וויינינגער פון 7 טעג האָט ער קיין אַנשפּרוך אויף בענעפיט. מעהר פון 7 טעג ערהאַלט ער איין דאָלאַר יעדען טאָג, א. ז. וו.

§ 10. ווירד איין מיטגליעד קראַנק אויף אונמאָראַלישע קראַנקהייטען האָט

ער קיין אנשפּרוך אויף בענעפיט צו פאַ־
דערען.

§ 11. אזעלכע קראנקע וואָס דארפען
ניט ליגען צו בעט מוזען זיך יעדען טאָג
ביים קלאָב'ס דאָקטאָר מעלדען אין זיין
אָפיס שטונדען מאָרגענס אָדער נאָכמי־
טאג, אָבער ניט אבענדס.

§ 12. איין מיטגליעד פון דיעזען
קלאָב וועלכער מוז וועגען אייגענע אנגע־
לעגענהייטען פון דער שטאָדט ניו יאָרק
אָפּרייזען וואוהין די רייזע־קאָסטען בע־
טרעפען מעהר אלס 50 סענט, קען ניט
זיין בערעכטיגט צו קיין בענעפיט.

§ 13. איז איין מיטגליעד זאָ קראנק
דאָס עס איז נויטהיג איינע נאכט וואכע,
האָט דער טשערמאַן דאָס רעכט צו בעווי־
ליגען אויף קלאָב'ס קאָסטען 2 מאָהל אין
דער וואָך איינע נאכט־וואכע אָבער ניט
מעהר.

§ 14. נאָך יעדעס ענדע קווארטאל,
זאָל דער פינאנס סעקרעטער איבעררעכע־
נען די ביכער, און ווען די קאַסע האלט
ביז 300 דאָלאר, איז בענעפיט געשלאָסען
ביז נעכסטען קווארטאל.

## ארטיקעל 8.

### טאָדטעס פעלע.

§ 1. שטאַרבט איין פולל־בערעכטיג־טער מיטגליעד אָדער זיין פרוי, זאָ זאָל די לייכע בעערדיגט ווערען. עס ווערען געגעבען פרייע בעערדיגונגס־פלאַץ, איין לייכען וואָגען, 3 קוטשען, 2 פיר דער פאמיליע, און איינער פיר דער קאָמיטע, איין ארון, תכריכים און אַלעס וואָס עס פאָדערט פאר דיעזען צוועק, יעדענפאַלס דארפען די קאָסטען דאפיר די סוממע פון 30 דאָלאר ניט איבערשטייגען.

§ 2. ווען די לייכע איז פון איין אַנ־דערען פעראיין אָדער לאדזש בעערדיגט געוואָרען, זאָל פון דיעזען קלאָב קיינע קאָסטען געצאָהלט ווערען, אויסער 3 קוטשען: צוויי פאר דער פאמיליע און איינער פיר דער קאָמיטע, וועלכע דארפען די לייכע ביז צו דער סעמעטערי בעגלייטען.

§ 3. שטאַרבט איין ברודער אָדער זיין פרוי, וועלכער איז נאָך קיינע 6 מאָנאַטען אין דיעזען קלאָב, קומט בלויז בעערדי־

גונגס פלאַץ, אָבער ניט קיינע קאָסטען
אָדער אויסגאַבען.

§ 4. ווען איין ברודער אָדער זיין פרוי שטאַרבט, בעקומט ער אָדער זיין פרוי 400 דאָלאַר ענדאַומענט. דיזע סומע זאָל בעצאָהלט ווערען צו צוויי דאָלאַר פּער קעפּיטאַ פון די מעמבערס און דאָס איבעריגע זאָל פון קלאָב קאַססע דערלעגט ווערען צו דער דערמאָנטער סומע. די 400 דאָלאַר זאָלען בעצאָהלט ווערען נאָך 60 טעג פון טויטען־פאַל.

§ 5. האָט איין מיטגליעד זיך פערהייראַטעט נאָכדעם ווי זיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבען, מוז ער צעהן דאָלאַר איינצאָהלען און א דאָקטאָר אַטעסט ברענגען פיר אויפנאַהמע זיין צווייטער פרוי אין קלאָב אום נאָך 6 מאָנאַטען זאָל זי זיין בערעכטיגט צו די אינשורענס. זאָ לאַנג ער האָט קיינע 10 דאָלאַר מיט אַ דאָקטאָר אַטעסט ניט געבראַכט פיר זיין צווייטער פרוי, ווירד דער מעמבער אַנערקענט אַלס סינגעלמאַן, און ביי אונגליקספּאַל פון דיזער פרוי האָט ער קיין רעכט צו פאָדערן

פון קלאָב פאר קיין זאך, זאָגאר קיין בע־
ערדיגונגס פּלאַץ ניט.

§ 6. יעדער מעמבער וועלכער וועט
ארייננקומען אין קלאָב נאָך דעם ערשטען
יאנואר 1914 און וועט הייראטהען, מוז
איין דאָקטאָר אַטעסט ברייגגען פיר זיין
פרוי, אום זי זאָל נאָך 6 מאָנאַטען זיין
בערעכטיגט צו די אינשורענס. אין פאַלס
ער ברייגגט ניט קיין דאָקטאָר אַטעסט
איז זיין פרוי ניט בערעכטיגט צו די אינ־
שורענס נאָר צו סעמעטערי.

§ 7. יעדער מעמבער זאָל צאָהלען
צום רעזערוו פאָנד 1 דאָלאר, אויב ער
סינגעל איז און 2 דאָלאר ווען ער איז
פערהייראטעט און זיין אינשורט אַליין
אָדער מיט זיין פרוי אויף דער סומע פון
400 דאָלאר יעדערער. און דיעזעס קען גע־
העכערט ווערען אָדער פערקלענערט ווע־
רען נאָך דעם בעשלוס פון קלאָב. מעמ־
בערס וואָס זענען אויסער ניו יאָרק מוזען
נאָכקומען דיעזען טעקס.

יעדער מעמבער וואָס פאהרט אוועק
פון ניו יאָרק מעהר ווי 50 סענט רייזע,
זאָל צאהלען 4 דאָלאר א יאָהר לאָקאל

עקספענסעס און זאל נאר בעלאנגען צו די אינשורענס און קיין בענעפיט, און מוז אויך נאכקומען די פער קעפיטא טעקס פון קלאָב, און דיעזע סומע קען בעצאהלט ווערען אויף איינמאָל בעפאר ער פערלאזט ניו יאָרק אָדער נאָך יעדען קווארטאל. נאָר ער מוז אומבעדינגט זיין ריכטיגע אדרעסע צום פינאנס סעקרעטער צושיקען.

§ 8. ווען איין פערהייראַטער מעמ־בער שטאַרבט קען זיין פרוי בלייבען בע־לאַנגען צו אונזער קלאָב, אויב זי וויל און זי וועט דארפען צאָהלען אַ העלפט פון די דיוס וואָס דער מאַן האָט געצאָהלט און זאָל זיין בערעכטיגט צו סעמעטערי און אינשורענס. נאָר ביז זי האָט חתונה איין צווייטעס מאָהל.

§ 9. יעדער מעמבער זאָל מאַכען איין סטייטמענט און סיינען זיין נאָמען ווער עס זאָל קריגען די אינשורענס געלד נאָך זיין טויט, און עס זאָל זיין אַ דופליקייט, און דער מעמבער זאָל קריגען דעם דופ־ליקייט און דער אָריגינאל זאָל בלייבען אין קלאָב. ער קען אומענדערען זיין בע־

שלום אין אַלע צייטען, נאָר ביי איין נאָ־טארי פּאָבליק.

§ 10. ווען די ברידער זיינען פון סעק־רעטער בעאויפטראגט געוואָרען צו קומען צו איין פערשטאָרבענעם ברודער'ס לויה און זיינען ניט געקומען, זאָל יעדער מיט צוויי דאָלאר בעשטראפט ווערען.

§ 11. ווען א מעמבער אָדער זיין פרוי וואָס איז אויסער ניו יארק שטארבט, מוז ער אָדער זי צושטעלען צום קלאָב געזעצ־ליכע בעווייזע פון טויטענס־פאל, אום ער אָדער זי ווי אויך אַנדערע אָנגעצייגטע בענעפישערס זאָלען קענען קריגען די אינשורענס אויסגעצאָהלט אָהן שטערונ־גען.

## ארטיקעל 9.

### קלאַגען און פערהערען.

§ 1. עס זאָל נאָר אַזעלכע קלאַגען אָנגענומען ווערען וואָס עס קען שאַדען די אינטערעסען פון קלאָב. קלאַגען איבער פּריוואַט אַנגעלעגענהייטען, זאָלען צוריק־געוויזען ווערען.

§ 2. אַלע קלאַגען מוזען שריפטליך

אין אריגינעל און דופּליקייט אַלע בעשול־דיגונגען פון קלעגער אונטערצייכענט און איבערגעגעבען ווערען.

§ 3. אַלע קלאַגען דאַרפען איין קאָמי־טע פון 7 מיטגליעדער איבערגעגעבען ווע־רען, און זיי זאָלען די קלאַגע אונטערזו־כען. דער קלעגער אָדער דער פערקלאָגטער האָבען דאָס רעכט 2 פון קאָמיטע צוריקצו־ווייזען און אַנדערע זאָלען אויף זייער שטעלע ערוועהלט ווערען. ווען ביי פאַר־נעהמען די קלאַגע איז דער אָנגעקלאָגטער אַבוועזענד, זאָל מען איהם דעם דופּליקייט אין איין רעדזשיסטרירטען בריעף צושי־קען. דער קלאָב האָט דאָס רעכט די קלאַ־גע ביז צו איין צווייטען מיטינג צו פער־האַלטען.

§ 4. קלעגער און פערקלאָגטער האָבען דאָס רעכט זיך איין קלאָב'ס ברודער צו שטעלען פיר זיי צו רעדען.

§ 5. די קאָמיטע דאַרף איינלאַדען דעם קלעגער און פערקלאָגטען צו איין פערהער, איין ריכטיגע פערהאַנדלונג פאַר־נעהמען און איין גענויעס פּראָטאָקאָל אי־בער אַלע פערהאַנדלונגען צו פיהרען, און

נאָכדעם זאָל די קאָמיטע אליין אין גע־היים בעראַטהען און איין אורטהייל ארויסברייננגען. דער בעשלוס פון דער קאָ־מיטע פאר שולדיג אָדער אונשולדיג זאָל אריינגעבראכט ווערען אין קלאָב צום נעכסטען מיטינג.

§ 6. ווען די קאָמיטע ערקלערט דעם געקלאָגטען פיר שולדיג, זאָל דער טשער־מאַן בעשטראפען דעם געקלאָגטען ברודער ווי פאָלגט: פיר בעליידיגען — פון 50 סענט ביז 2 דאָלאר פיר שלאָגען — דאָס ערשטע מאָל פון 1 דאָלאר ביז 10 דאָ־לאר, אָדער פערווייזען דאָס לאָקאַל ביז א מאָנאַט. און דאָס צווייטע מאָל זאָלל דער מעמבער אויסגעשטויסען ווערען פון קלאָב און נישט קענען קיינמאָל צוריק אריינקומען.

§ 7. אלע שטראפען־געלדער פון גע־קלאָגטע ברידער זאָלען ווערען צוגעשריע־בען צו די בייטרעגע און זיי זאָלען גע־שטראכען ווערען ווען זיי ווען זיי וועלען די שטרא־פע געלד ניט בעצאָהלען.

§ 8. נאָר ביי איין גענעראל אָדער ספּעציאל פערזאמלונג קען דער קלאָב איין

סוספענדירונג אָדער אויסשטויסונגס־שטראפע איבער פערקלאָגטע מעמבערס פערהערען.

§ 9. דער אָנגעקלאָגטער זאָל נאָך אין זעלבען אבענד פון דעם אורטהייל פערשטענדיגט ווערען. ווען ער וויל, אין זיין אבוועזענהייט זאָל עס איהם צוגעשטעלט ווערען.

§ 10. ווען דער אָנגעקלאָגטער וויל צום פערהער ניט קומען, נאָכדעם ווי ער האָט די איינלאדונג פון קאָמיטע ערהאַלטען, זאָל איהם דער קלאָב אַלס שולדיג ערקלערען.

§ 11. ווען דער קלאָב מוז זעלבסט געגען איין מיטגליעד אַלס קלעגער אויפטרעטען, האָט דער טשערמאַן איין ברודער צו אַפּוינטען, און דער זאָל פערטרעטען אַלס קלעגער.

§ 12. ווען די ערוועהלטע קאָמיטע האָט געבראכט זייער אורטהייל שולדיג, זאָ האָט מעהר קיין רעכט פיר דיעזע קלאַגע ניעמאַלס נאָך אַמאָל פארצוקומען דאַריבער.

## ארטיקעל 10.

### שטראפען.

§ 1. דער טשערמאַן, וויס־טשערמאַן און סעקרעטער זאָלען פאר אונענטשולדיג־טע אבוועזענהייט ביי יעדער פערזאמלונג מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען. די סעק־רעטערע זאָלען פאר זייערע אבוועזענהייט מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען און פאר ניט שיקען די ביכער מיט ווייטערע 50 סענט בעשטראפט ווערען. די אבוועזענ־הייט פון אַלע איבעריגע בעאמטע זאָלען מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען.

§ 2. איין בעאמטער וועלכער קומט ניט צו 3 מיטינגען איינס נאָך דעם צוויי־טען, און האָט קיינע גענינגענדע ענטשול־דיגונג, זאָל ער פון זיין אמט ענטזעצט ווערען.

§ 3. יעדער מעמבער וועלכער ער־האַלט איין איינלאַדונג צו אַ גענעראַל אָדער ספּעציאַל פערזאמלונג און קומט ניט, זאָל מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען.

§ 4. פערזאמט איין מעמבער פון קראנקען־קאָמיטע איין קראנקען ברודער

צו בעזוכען, זאָל ער מיט 25 סענט בע־שטראפט ווערען.

§ 5. מעמבערס וועלכע זענען צו איר־גענד א קאָמיטע אפּוינטעט געוואָרען און טענדען ניט, זאָלען מיט 25 סענט און מיט וועיטערע 25 סענט פאר ניט בעריכטען בעשטראפּט ווערען.

§ 6. מעמבערס וואָס פיהרען זיך ניט אויף אַנשטענדיג ביי דעם מיטינג, אָדער ווילען ניט פאָלגען די אָרדנונגס־רופּע פון טשערמאַן, זאָלען דעם ערשטען מאָל מיט 25 סענט בעשטראפט ווערען, דאָס צווייטע מאָל אין זעלבען אבענד פאר ניט אַנ־שטענדיג זיך אויפפיהרען, זאָל ער מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען, אין וויע־דערהאָלונגס־פאל זאָל איהם דאָס לאָקאל פיר דיעזען אבענד פערוויזען ווערען, און איין קלאגע זאָל קעגען איהם געמאכט ווערען.

§ 7. מעמבערס וועלכע ווען זיך קראנק מעלדען פאַלש, אום בענעפיט פון קלאָב צו ציהען, און מען קען עס איבער־צייגען, זאָלען אונטער איין קלאגע גע־שטעלט ווערען, און דער קלאָב קען די

שטראפע זאָגאַר ביז צום אויסשטויסונג בעשטימען.

§ 8. מיטגליעדער וועלכע האָבען די געהיימניסע אָדער בעשליסע, אָדער דע־באַטעס פון קלאָב ענטדעקט פאר א פרעמ־דען פערזאָן, אָדער מעמבערס וועלען זיך שטעלען קריגען אין סטריט איבער קלאָב־ביזנעס, און דאדורך ווערט ענטדעקט אַלע געהיימניסע פון קלאָב, זאָלכע מעמבערס זאָלען שטרענג בעשטראפט ווערען פון די ברידער.

§ 9. מעמבערס וועלכע וועלען זוכען דאָס באַלאָט דורך דאָפּעלטעס באַלאָטי־רען, אָדער די וואהל דורך דאָפּעלטע שטימצעטעל צו פעלשען, זאָלען בע־שטראפט ווערען.

§ 10. מעמבערס וואָס וועלען פער־עפענטליכען די נעמען פון די ברידער וואָס זענען געווען געגען דער אויפנאַהמע פון איין קאַנדידאַט, זאָלען אונטער איין קלאַגע געשטעלט ווערען.

§ 11. מעמבערס וואָס וועלען זייערע וואָהנונגס פערענדערונג ביז 14 טעג דעם

פינאַנס סעקרעטער ניט מעלדען, זאָלען מיט 25 סענט בעשטראַפט ווערען.

### ארטיקעל 11.

### פערשיעדענעס.

§ 1. א מעמבער ווען ער ווירד געשטראכען פון קלאַב, זאָל ער מעהר ניט קענען פאָדערען קיין קרקע פאר זיך אָדער זיין פרוי.

§ 2. קאָמיטעס וואָס ווערען געשיקט צו בעזוכען קאַנדידאַטען צום אויפנעהמען זאָלען קענען בעריכטען דורך בריעף.

§ 3. ווען אַזעלכע קאָמיטעען זיינען 2 פיר ניט גינסטיג און איינער פיר גינסטיג, זאָל דער קאַנדידאַט צוריקגעוויזען ווערען.

§ 4. אַ מיטגליעד ווען ער פיהרט זיך ניט אויף ארענטליך, צ. ב. ש., א גנב אָדער אַ מערדער אָדער פיהרט איין אונמאָראַלישעס הויז, זאָל ער געשטראכען ווערען.

§ 5. אַ קראנקער מיטגליעד זאָל נאָר בעדארפען צאָהלען בייטרעגע און דאָקטאָר, אָבער קיינע טעקסעס.

§ 6. בעערדיגונגס פּלאַץ קען נור צו

פאָלגענדע פערוואַנדטע פערקויפט ווע־
רען: פאָטער, מוטער, ברודער און שוועס־
טער. די לעצטע מוזען אונפערהייראט זיין.
דער פרייז פון פלאַץ זאָל זיין פון 25 דאָ־
לאר און העכער. די פערהאַנדלונג זאָל זיין
דורך דעם טשערמאַן, וויים־טשערמאן און
פינאַנס סעקרעטער.

§ 7. יעדע זעקס מאָנאַטען זאָל זיין
וואהל פיר דאָקטוירים. דאָקטוירים זאָלען
מעגען אריינקומען אין קלאָב פערהייראַ־
טעט.



געזעין־קאָמיטע:

---

1. פרעד. מ. בראָנשטיין, טשערמאן.
2. סעם פרידמאן, סעקרעטער.
3. בעני ראזענבערג.
4. נייטען קויפמאן.
5. מאָררים ראזענפעלד.
6. מאָררים גאלדען.